I Rok. Gazeta Żydowska Robotnicza Organ partyi socyalno-demokratycznej. Nr. 14.

די אדרעסע פון דער רעדאקציע
און אדמיניסטראציע:
Jüdische Arbeiter Zeitung
Kraków,
Sławkowska 29.

טעלעפאן נומער 624

איינצעלנע נומער 8 העל.

יודישע
# ארבייטער-צייטונג
ארגאן פון דער סאציאל-דעמאקראטישער פארטיי.
ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס-פרייז:
יעהרליך: 4. קראנען.
האלביעהרליך: 2. קראנען.
פיערטעליעהרליך: 1. קראנע.

פרייז פון אנאנסען:
פיר יעדער שורה פעטיט אדער
איהר פלאטץ 10 העללער.

Kraków, piątek 7 lipca 1905. נומר 14. קראקוי, 7 יולי, 1905.

## גענאסען, פערשפרייט די „יודישע ארבייטער צייטונג".

## די שווימענדע רעוואלוציע.

א גרויסע פאנצערשיף, די בעסטע שלאכט־שיף האט ארויסגעשטעלט א רויטע רעוואלוציאנערע פאהן, איז צינעפאהרען צום גרעסטען פארט פון דער גרעסטער מלוכה, צו אדעס און אנגעפאנגען איהם צו באמבארדירען. די עסקאדרע, וואס פאהרט ארויס מיט דעם ציעל איינצושטילען דעם בונט, גיט זיך טהיילווייז אונטער די בונטאוושציקעס — דאס אלעס זעהט אויס אזוי פאנטאסטיש, אזוי אונוואהרשיינליך, ווי ארויסגעלעזען פון א פאנטאסטישע געשיכטע. און דאך איז עס אלעס וואהר. „פאטיאמקין", די גרעסטע רוסישע פאנצערשיף אויף דעם שווארצען מעער. א שפאגעל נייע שיף, די שמאלץ פון דעם רוסישען פלאט, האט ארויסגעהאנגען א רויטע פאהן פון בונט, און האט געענטפערט אויף דעם סיגנאל „גיט זיך אונטער דעם קיסר": „מיר האבען ניט קיין קיסר".

און די איראניע האט געוואלט, אז די שיף זאל זיך רופען „פאטיאמקין", וועמעס נאמען איז אין רוסלאנד א סימבאל פון דעם גאנצען היינטיגען רעגירונגס סיסטעם, וועלכער איז אנגעלעהנט אויףאבגעארען איינער דעם צווייטען, פון פאליציאנט ביז דעם מיניסטער. אזוי ווי פאטיאמקין האט געפיהרט די רוסישע קייזערין איבער די דערפער, אויסשטעלענדיג איבעראל אויסגעפוצטע פויערים, וועלכע האבען לויט דעם בעפעהל, געמוזט פון אלעם זיין צופריעדען און האט דערמיט פערבלענדעט די אויגען ניט נור פון דער הערשערין... אזוי האט „פאטיאמקין", ביזהער געציינט, דער וועלט די מיליטערישע מאכט פון רוסלאנד, די שטיצע פון דעם צארישען טהראן און זעלבסטהערשונג. ערשט איז דער פארהאנג ארונטערגעפאלען: די ריכטיגע לאגע קוקט ארויס פון די פענסטער און טיערען; די ציפוילטקייט פון דעם לעצטען טייל פון אבסאלוטיזמוס איז געווארען קלאר זאגאר פאר די, וואס האבען נאך ביז דער לעצטער מינוט געוואלט גלויבען אין דעם טייל.

און עס איז גאנץ נאטירליך. ערשט א וואך זייט די צארישע רעגירונג האט מיט דער הילף פון מיליטער דערשטיקט אין טייכען בלוט די ארבייטער בעוועגונג אין לאדז, נור וואס האט די צארישע רעגירונג צוגעזאגט נייע תליות. די בורזשואזיע האט שוין געקליבען נחת פון דער ענערגיע, וואס די רוסישע רעגירונג האט דערביי ארויסגעוויזען און — נאדיר: אנ'אומגליק, א פרישער בונט, אבער שוין ניט פון קיין אונגעשיצטע ארבייטער, נור פון זעלנער. דעם ערשטען מאל האבען די רעוואלוציאנערען בכלל געהאט אזא מאכט אין זייער בעזיטץ. זיי האבען שוין געשאסען אויפ'ן צאר פון ארמאטען, זיי האבען שוין געווארפען באמבעס, אבער דאס אלעס איז א שפיעלכעל אין פערגלייך מיט דעם פאנצער־שיף, וואס האט עטליכע צעהנדליג ארמאטען אין 700 בעוואפענטע מארינע־לייט.

נור די רוסישע רעגירונג האט דא אויך בענוצט די אלטע מיטלען. און צו זיי געהער פאר אלעם דאס אבלייקענען די גאנצע געשיכטע. פלוטצלינג זענען זיך פאנאנדער געגאנגען דעפעשען, אז די מאנשאפט פון „פאטיאמקין" האט זיך אונטערגעגעבען אהן א ווידערשטאנד. עס האט זיך ניט געוואלט גלויבען, אבער די דעפעשען זענען געוועזען זיכערע, כמעט אפיציעלע. אבער עס איז דער רוסישער רעגירונג ניט געלונגען אזוי ווי עס געלונגט איהר שוין ניט זייט צוויי יאהר. אויף מארגען איז אנגעקומען א דעפעשע פון בוקארעשט, אז אין קאנסטאנצע, אין א רומענישען פארט איז אנגעקומען „פאטיאמקין", מיט נאך א שיף און האט געפאדערט שפייז. און דא פאנגט זיך אן די אמת'ע אדיסעא. רומוניענס גאנצער פלאט איז ניט אזוי שטארק ווי „פאטיאמקין" אליין. ווען ער וואלט אלזא וועלען נעהמען ביד חזקה וואלט איהם קיינער ניט קענען ווערען.

נאטירליך, וועט זיך „פאטיאמקין" לאנג מיט קארגע שפייז־מיטלען און קויהלען ניט האלטען. שוין איצט זענען דא דעפעשען, אז די רוסישע רעגירונג ווענדעט זיך צו די אייראפאישע מלוכות, זיי זאלען די שיף ענטוואפנען. און דאך איז די בעדייטונג פון דער רעוואלוציע אנ'אונגעהייערע. זי האט מיט א מאל געוויזען, ווי שוואך דער צאראט איז, ווען דאס מיליטער פערלאזט איהם און אויך פארקעהרט: ווי שטארק די רעוואלוציאנערען זענען, ווען זיי האבען א רעאלע מאכט אין האנד.

אויב אימיצער האט נאך געצווייפעלט, צו וועט די רעוואלוציאנערע בעוועגונג אין רוסלאנד און פוילען דערגרייכען איהר ציעל, וועט איהם איצט קלאר ווערען, אז די שטונדע פון דעם צאראטס מפלה האט אויסגעשלאגען. אז אבי א טאג וועט דער צארישער טהראן איינפאלען אונטער די קלעפ פון דעם פאלק, אונטער די קלעפ פון זיין איינענעם מיליטער.

* * *

וואס מיט „פאטיאמקין'ען" טהוט זיך איצט, ווייס מען ניט. אבער דאס ווייס מען שוין, אז דער גאנצער שווארץ־מעערישער פלאט איז איצט געווארען קריגס־אונפעהיג. ווייל... די רעגירונג אליין איילט זיך זיי צו ענטוואפנען, אין דעם זעהט זי איצט דעם איינציגען מיטעל צו ראטעווען דעם פלאט פון פערניכטונג. דער צוזאמענשטויס אלזא מיט די רעוואלוציאנערע שיף האט אוועקגענומען ביי דער רוסישער רעגירונג דעם גאנצען פלאט אויף דעם שווארצען מעער פונקט ווי דער צוזאמענשטויס ביי צושימע האט פערניכטעט דעם פלאט אויף דעם יאפאנישען מעער. לצנים וויצלען זיך זאגאר, אז דעם מאל וועט דער רוסישער פלאט געוויס זיעגען, ווייל ביידע צדדים זענען רוסישע....

וואס פאר א ראליע די רוסישע סאציאליסטען האבען געשפיעלט אין דעם בונט, איז נאך ניט קלאר. אז ער האט א רעוואלוציאנערע אונטערלאגע זעהען מיר פון זיין רעפובליקאנישען האראקטער. די לעצטע דעפעשען דערצעהלען, אז עס איז געוועזען א ברייטע פערשווערונג, וואס האט ארומגענומען דעם גאנצען פלאט, אז זי האט געזאלט אויסזעטצען אין סעוואסטאפאל, וואו עס האט געזאלט ערקלעהרט ווערען א רעוואלוציאנער'ע רעגירונג און אז די צו־פריה אויסגעזעטצטע רעוואלוציע אויף די שיף „פאטיאמקין" האט געמאכט צו נישט דעם גאנצען פלאן.

אזוי ווי לאדז האט געמאכט נאר וואס א התחלה אין פוילען, אזוי האט אדעס איצט געמאכט א גוטען אנהויב אין רוסלאנד. א מורא'דיגער בונט האט אויסגעזעטצט אין קראנשטאדט, ליבוי, פעטערבורג, קיעוו, חערסאן און נאך פיעל אנדערע שטעדט. די גאנצע בעוועגונג טראגט איצט איינעם און דעם זעלבען האראקטער: עס נעהמען אין איהר אנטהייל מארינע־לייט און ערטערווייז אויך געוועהנליכע מיליטער.

קורץ, עס קומט אן דער אנפאנג פון דער רוסישער רעגירונגס סוף.

Wydawca i odpowiedzialny redaktor **Ignacy Gross.** Z drukarni Józefa Fischera w Krakowie

„נאָווי ראָבאָטניק‟, אין קראַקויער „נאַפּרזשוד‟ אין וועלכען ער האָט מיטגעאַרבייט ביז צו ענדע. ער האָט אויך אָנגעשריבען אַ גאַנצע רייהע פֿון פּאָפּולערע בראָשורען, וואָס איינינע פֿון זיי זענען איבערגעזעצט זאָגאַר אין זשאַרגאָן (זעה: יוד. אַרב. צייט. נומ. 13). געשריבען האָט ער „אונלעגאַלעוואַכען אונטער דעם פּסעוודאָנימס, הויפּטזעכליך וואו מיכאל לושניא, צייטענווייז אַלס עלעהאַרד עססע, ליטעראַרישע אַרבייט מייסטענס אונטער דעם פּסעוודאָנים ק. ראַדאָסלאַווסקי, און אין די פּאַרטיי איז ער בעקאַנט געוועזען אַלס מיכאל לושניא.

קראַוו האָט אויך געשריבען אין די דייטשע וויססענשאַפֿטליכע סאָציאַליסטישע וואָכענשריפֿט „נייע צייט‟. ווי עס האָט זיך ענטוויקעלט צווישען איהם און קאַרל קויטסקי אַנ׳אינטערעסאַנטע, ערנסטע פּאָלעמיק איבער די פֿראַגע וועגען מעגליכקייט און רעוואָלוציאָנערע בעדינגונגען. אין די פֿראַגע, וויטער אין די פֿראַגע וועגען אונאַבהענגינקייט פֿון פּוילען.. אַלס אַ „אָרטאָדאָקסישער‟ מאַרקסיסט האָט ער בעקעמפֿט די ריכטונג פֿון דעם „רעוויזיאָניזמוס‟ פֿון בערנשטיין און דאַוויד אין פֿיעל אַרטיקלען געדרוקטע אין „פּרזשעדשוויט‟.

קראַוז האָט זיך אויך נישט אָפּגעגעבען בלויס מיט ליטעראַרישע אַרבייט, אָבוואָהל דאָס הויפּטזעכליך איז געוועזען זיין טהעטיגקייט. ער האָט אויך זיך פֿערנומען גלייכצייטיג מיט פּראַקטישע אַרבייט צו וועלכע ער האָט בעזיצט פֿיעל מוטה און ענערגיע. ער איז געוועזען אַ אויסגעצייכענטער רעדנער. מיט אַ מעטאַלישע שטיממע, וואָס ער האָט ביי יעדען געפֿינען סימפּאַטיע און שעצונג; ער איז געוועזען אַ מענש מיט געדולד, מיט אַ אייזערנען אויסדויער און קאָנסעקווענץ. ער איז געוועזען אַ פֿאָרטרעפֿליכער אָרגאַניזאַטאָר, וואָס עס האָט געגעבען בעוויזען אין לאַנד אַזוי ווי אין אויסלאַנד. ער איז געוועזען אַ מיטגליעד פֿון דעם אויסלענדישען קאָמיטעט פֿון די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וועלכער ער האָט בעדייטזאַם אָבגעגעבען פֿיעל דיענסט.

יעדאָך איז איהם די עמיגראַציאָנס טהעטיגקייט ווייניג געווען: ער האָט געבענקט נאָך אַרבייט אין פּוילען און דאָ־דערם האָט ער בעשלאָסען זיך צו בעזעצען אין גאַליציען. אין דעם ציעל נאָך 10 יאָהר פֿערברענגענדיג אין פּאַריז, האָט ער זיך איבערצוויגען נאָך וויען, אום צו קריעגען בירגער רעכט אין עסטרייך. אין וויען האָט ער זיך פֿערשריבען אויפֿ׳ן אוניווערזיטעט אין דער אַדוואָקאַטען־אַבטהיילונג און ער האָט אָבגעגעבען עקזאַמען.

ער איז אויך בערייט געוועזען צו אונטערנעהמען זיך צוזאַמען מיט גענ. ד״ר צעטטערבוים צו רעדאַגירען אַ וויססענשאַפֿטליכע מאָנאַטשריפֿט, וועלכע דער עקזעקוטיווער קאָמיטעט פֿון די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט בעשלאָסען צו פֿערלעגען. אויף דעם טויטען בעט האָט ער זאָגאַר געהאַט אַן אַבזיכט צו בעגעבען זיך אויף דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמפּפֿפֿעלד: נאָך רוסיש־פּוילען...

אין וויען האָט ער בעקומען אַ לונגען אַנצינדונג, וועלכע האָט זיך אין אַ שפּעטערע צייט ווייטערהאַלט און פֿון דעם האָט זיך געבילדעט שווינדזוכט, קיינער האָט אָבער נישט געגלויבט, אַז דער פֿעסט געבויעטער מענש וועט אַזוי שנעל אומקומען. נאָך אין מערץ פֿון דעם ה. י. איז ער געוועזען אין קראָקוי איינינע טעג וועגען פּאַרטיי אינטערעסען און קיינער האָט זיך דאַמאָלס נישט גערעכט, אַז דורך דריי מאָנאַט וועט ער זיך שיידען מיט דער וועלט. אין קורצען נאָך דעם צוריק קעהרען נאָך וויען איז ער שוועהר קראַנק געוואָרען: די שווינדזוכט האָט אַרומגענומען די ריפּפּע (זשעבראַ) ער האָט זיך געמוזט איבערגעבען צו אַ אָפּעראַציאָן. נאָך די אָפּעראַציאָן איז אָך ערגער געוואָרען, אין די צייט — אויף דעם טוידטען בעט האָט ער ענדליך בעקומען... עסטרייכישע בירגערעכט... אין די לעצטע וואָכען איז איהם ערגער געוואָרען, מען האָט איהם איבערגעפֿיהרט אויף זומער־וואָהנונג צו דעם אָרט שאַפֿט פּערניץ הינטער וויען, וואו ער איז געשטאָרבען שבת דעם 24 יוני אים אַלטער פֿון 33 יאָהר, איבערלאָזענדיג איין אַלמנה מיט אַ זעכס יעהריגע טאָכטער.

* * *

מיטוואָך, דעם 28־טען יוני איז געוועזען אין וויען די קבורה פֿון גענ. קראַוז. עס האָבען איהם געזעגענט זעהר הערצליך: גענ. וואָראָנסקי אין דעם נאָמען פֿון פּ. פּ. ס.; גענ. דאַשינסקי אין נאָמען פֿון פּ. פּ. ס. ד. און „נאַפּשוד‟, גענ. אַדלער אין נאָמען פֿון דער עסטרייכישער עקזעקוטיווע און „אַרבייטער צייטונג‟ און נאָך אַנדערע. עהרע זיין אָנדענקען!

# די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד.

## דער פּאָגראָם אין יורעוויטש.

צום „פֿריינד‟ שרייבט מען: „אומעטום רעדט מען דערפֿון, אַז דער יורעוויטשער פּאָגראָם איז געוועזען אָרגאַניזירט פֿון פֿריהער, דורך די פּויערים פֿון די דערפֿער טור, זאַבאָליוטאַ און ליך. ווי מען דערצעהלט, האָבען נאָך די פּויערים מיט איינינע טעג פֿריהער זיך צו זאַמען געקליעבען אין דאָרף זאַבאָליוטאַ, צוזאַמען געשכורט און געעצה׳ט, אויף וואָס פֿאַר אַן׳אופֿן זאָל מען מאַכען די אונרוהען.

איך האָב חוקר ודורש געוועזען ביי איינינע מענשען, אונזערע קאַוועלער סוחרים, וועלכע זענען געוועזען אויף דעם יריד, אין זענען קוים מיט׳ן לעבען אַנטלאָפֿען, און איך גיב דאָ איבער, וואָס איך האָב פֿון זיי דערגאַנגען.

אַ היגער בהמות־הענדלער ה׳ יעקב פּסח פּיקאָן דערצעהלט פֿאָלגענדעס:

אין יורעוויטש איז אַלע טראָיצע דעם צווייטען טאָג אַ יעהרליכער גרויסער יריד, אויף וועלכען ס׳קומען פֿיעל קרעמער און סוחרים פֿון דער סביבה: פֿון קאָוועל, ראָבנע, בריסק, קאַמין און עס קומען אויך פֿיעל פּויערים פֿון פֿיעל נאָהענטע און ווייטערע דערפֿער. עס קומט זיך אויף דעם אופֿן צונויף זעהר אַ

וואָל עס אויפֿהערען צו וואַרפֿען פֿלאַמעלעך ליכט, זאָל אויפֿהערען דער אונפֿרוכטבאַרער קאַמפּף מיט די שאַטענס פֿון די נאַכט, און זי וועט קימען — די טהייערע מיינע — די טרויעריגע הערען מיינע!

זי וועט קימען צו דיעזע שאַטענס און וועט פֿערלעשען די שטראַהלען פֿון זייערע בליקען, וואָס דורך פֿערמאַכטע ברעמען, וועלען אַדורכשיינען מיט אַ פֿאָספֿאָרישען גלאַנץ פֿון מאָדערשטויב...

זי וועט קומען!

אַך, ווען עס וואָלט שוין האַלבע נאַכט געוועזען! איך קען נישט פֿערטראָגען די וואָס פֿערפֿאָלגען מיך, פֿינסטערע און שטילע פּנימ׳ער פֿון טרופּען, וואָס האָבען אַרום געזעצט די וואַנד, וואָס קוקען אין מיין נשמה מיט אַ זאַ וואונדערליכען אויסדרוק...

יאַ, איך האָב געזעהן שוין ערגעץ אַזוי אַ פּנים, איך געדענק... דאָס האָט זיין פּנים אַזוי געקוקט אויף מיר — דאָס פּנים פֿון מיין טייערען טרופּ, וועלכער רוהט דאָרט אָפּ, ערגעץ אין אַ לאַנד פֿון אייביגעם אייז, צוגעשיט מיט זאַמד פֿון געפֿרוירענע ערד און שנעע.

אומזיסט מאַך איך צו די אויגען, אום נישט צו זעהן, אומזיסט שטויס איך אָפּ מיט די הענד, ווען זיי לעגען זיך אויף מיין ברוסט, אומזיסט פֿערדעק איך דעם קאָפּף מיט די קאָלדרע אום נישט צו הערען זייער בעזען געמורמעל... אומזיסט!...

IV

דאָס רויטע געשטאַלט.

ניין! שטייטס איך בין דאָך פֿאָלקאָמען געזונד, מיט הייסע הענד דריק איך צו דעם קאַלטען שטערן... מיינע אויגען זענען צערשפּרייט מיט אַ שרעק, זיי ברענען עפּעס מיט אַ געהיימע היץ.

אָבער איך בין נישט קראַנק — ניין!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך וואַרט און ציטער פֿון פֿרייד...

אָט אין אַ ווייַלע וועט זי זיך אַריינדרינגען אין איהר פּורפּור מאַנטעל —

— אָט וועט זי אָנהויבען צו צייכענען די שטערן אונזערע מיט אַ בלאָהען פֿלאַם פֿון איהרע אויגען.

איך האָב נישט געוואוסט איהר נאָמען, זי האָט אויסגעמירמעלט מיר די ערשטע אין אַ קיש וועלכער האָט ווי פֿייער פֿערברענט מיינע ליפּען.

זי — מיין הערין אין פּורפּור מאַנטעל, זי — דאָס רויטע געשטאַלט, זי — די היטץ.

איך האָב פֿון איינמאָל אין איהר דערקענט מיין טרוימבילד פֿון פֿערגאַנגענהייט. איך האָב דערקענט נאָך די בענקענדיגע אויגען, נאָך דיעזען בליק וואָס האָט געפֿינקעלט מיט אונערמעסליכען שמערץ. איך האָב דערקענט נאָך׳ן טרויער פֿון געזיכט.

בלויז די קליידער איהרע זענען דאַמאָלס נישט געוועזען אַזוי פֿערשמוצט מיט בלוט און אַ נאָמען האָט זי געהאַט עפּעס אַן אַנדערן, אַ זיסען, אַ ליעבען!

## גענ. קאזימיר קראוז.

שוין ווידער איז פערלאָשען געוואָרען איינער פון די סאָציאליסטישע קעמפפער אין פוילען, אונזער הערצליכער פריינד, א חבר אין קאמפף, ווי אויך אין פארטייאישע ארבייט פון די לעצטע פינפצעהן יאהר. פריהצייטיג אין בעסטען מענליכען אויפבליהען איז גענ. ד״ר קאזימיר קראוז געשטאָרבען שבת דעם 24 יוני קוים א דורכלעבענדיג 33 יאָהר. בענאה א העלפט פון זיין קורצען לעבען איז איהם פערפלאָסען אין קאמפף פאר די אידעע פון סאָציאַליזמוס. אין אזעלכע יונגע יאהרען איז ער שוין אומשטאנד געוועזען ערווערבען זיך אזא אכטענדען נאמען אין די געבילדעטע וועלט, ווי אויך די אנערקענונג אין די אינטערנאציאָנאַלע קרייזען פון די גרעסטע סאָציאַליסטישע טהעארעטיקער. ער איז געוועזען א מענש פון די גרעסטע פעהיגקייטען, פון גרינדליכע וויסענשאפט און טהעטיגער ארבייט, מיט א קלאָהרען פערשטאנד און מיט א שטארקען רייגען כאראקטער. זיין ערעלע ריינע נשמה האט געצייכענט א גרויסע נוטסקייט, נישט קיין בעטריבטעס וועטער פון זיין פערשטאנד, ווי עס צייכנען זיך אויסשליעסליך אויס מענשען פון א גרויסען גלויבען. קראוז איז געוועזען פאנאטיש דורכגעדרינגען מיט דעם סאָציאַליזמוס. דער סאָציאַליזמוס האָט ערפילט זיין גאנצעס לעבען, זיין דענקען אין פיהלען.

ווער פון דיעזע, וואָס האָבען איהם געקענט. וואָלט זאָגען, אז דעם שטארק געבויטען, גרויסען, שעהנען מאַנספערזאָן וועט דער טויט אזוי שנעל רופען! אָבער יעדאָך.... די וואונדערליכע, הארמאניזירענדע, אזוי גייסטליכע ווי אויך פיזישע נאטור האָט שנעל ארומגענומען די פירכטערליכע קרענק: שווינדזוכט...

און ער איז אומגעקומען אין דער צייט פון די גרעסטע קעמפפע, ווען זיין נשמה האָט זיך געריסען צום קאמפף און ווען ער איז געוועזען צוגעשמידט צום בעט פון שמערץ האָט ער געטרוימט וועגען ריזעס, אום צו שטעהן אונמיטעלבאר אין די רייהע פון די קעמפפענדע אין קרוין פוילען וועגען פרייהייט....

ער איז אוועק פון די וועלט מיט א טיעפען גלויבען אין זיעג פון אונזער זאך, ער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך א הערצליכען לייד.....

* * *

קאזימיר קעללעס־קראוז איז געבוירען געוואָרען אין 1872 יאהר אין קעניגרייך פוילען. זיין ערשטע יוגענד האָט קאזימיר פערברענגט אין ראדאם, וואו ער האָט בעזוכט די גימנאזיע און צוגלייך מיט איינגע שוהל־קאָלעגען האָט ער אָנגעהויבען דער ערשטער צו קלעהרען וועגען רעוואָלוציאָנערע טרוימבילדער. ער איז דורכגעדרינגען געוואָרען מיט דער אידעע פון סאָציאַליזמוס און האט אָנגעהויבען צו פיהרען די ערשטע פראקטישע אָרגאַניזאציאָנעלע ארבייט צווישען ארבייטער און ארומגעגענדע פייערען זייענדיג נאָך אין דעם גימנאזיסטישען מונדירעל. ביים ענדיגען פון גימנאזיום איז פאָרגעקומען א פאל אין וועלכען עס האָט זיך ארויסגעוויזען קאזימירס גאנצע כאראקטער. זיינע קאָלעגען, וואָס האָבען הערויסבעקומען די טעמאטען פון די אויפגאבען וואָס זיי האָבען געברויכט צום ענדיגען, זענען דאָס מאָל די שוהל־בעאמטע דערפון געוואהר געוואָרען און האָבען דאפון געמאכט א שליעדסטווא. קראוז, אבוואהל א אומשולדיגער, האָט גענומען די גאנצע שולד אויף זיך אום צו פערהיטען די קאָלעגען. מען האָט איהם דערפאר אויסגעוויזען פון דער ראדאמער גימנאזיע, וואָס ער האָט געמוזט דורך דעם פאָהרען נאָך קעלץ, ווי ער האָט אפגעגעבען עקזאמען אלס עקסטערניסט. יעדאָך אָבער, האָט מען איהם אין ווארשעווער איניווערזיטעט נישט געוואָלט אויפנעמען וועגען דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין ראדאָם. ער האָט זיך אלזאָ בעגעבען נאָך פאריז אין 1851 יאהר און דאָ האָט ער זיך איינגעשריבען אין אוניווערזיטעט, אבגעבענדיג זיך די ערשטע צייט מיט נאטור־סטודיום. אין קירצענס איז ער אָבער איבערגעגאנגען צו די שוהלע פון פאָליטישע וויסענשאפטען, וועלכע ער האָט געענדיגט מיט דעם טיטעל דאָקטאָר.

אין די פוילישע סאָציאַליסטישע פארטיי איז ער אריינגעטרעטען מיט דער צייט, ווען זי האָט זיך געגרינדעט פון די אלטע נישט פעסטע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאציאָנען אין יאהר 1893, ער האָט באלד אפגעגעבען זיינע פערהעלטניס מיט די ראדאמער אָרגאַניזאציאָן און ער איז געבליבען איהר טריי ביז צום טוידט.

די נויט האָט אָפט אריינגעבליקט אין זיין הויז, דען ער האָט זיך ערנעהרט בלויס פון די פעדער. ער האָט געשריבען זעהר פיעל וויסענשאפטליכע ארטיקלען אין די פאָרטשריטליכע ווארשויער וואָכענבלעטער (איבערהויפט אין „פראוודא״, אין די לעצטע צייטען האָט ער אויך געשריבען אין „גלאָס״ אין „אָגניווא״) ער האָט אויך געשריבען אין „קריטיקא״ אין וועלכען עס צייכענט זיך אויס איבערהויפט זיין ארטיקעל, וועגען דער „יורענפראגע״.

קראוז האָט אויך געשריבען אין פראנצויזישע בלעטער, ווי אויך אין איינגע דייטשע סאָציאַליסטישע בלעטער. אָהן בעלוינונג האָט ער געארבייט פון אנפאנג זיין ליטעראַטישער טהעטיגקייט אין די פוילישע פארטיי פרעסע, אין „פרזשעדוויט״, נאזעטא ראבאטניטשא״, פון 1894 יאָהר האָט ער אויך געארבייט אין די גאליציאנישער פארטיי בלעטער. נעמליך: אין לעמבערגער

## גענאסען, קלויבט אויפ'ן פרעספאנד.

# פעליעטאָן.

## קריעגס בילדער.

(פון פוילישען)

(ענדע)

### III

### אין שפיטאל.

איך ליעג שטיל און רוהיג...

דורך גאנצען טאָג שפיעלט דער שמערץ דאָ זיין טריבע סימפאָניע, דורכ׳ן גאנצען טאָג פערשווייגען נישט די קרעכצען.

מיינע נערווען האָבען זיך אויפגעלעהוט אין גאנצען, איך וויים וואָגאר נישט, צו דיעזע קרעכצען דערהער איך פון די אויסערע וועלט, צו מיין נשמה קרעכצט דאס אזוי.

איך ליעג גאנצע שטונדען און קלאהר. און פון מיינע אויגען אהן וויסען אין ווילען לויפען טרערען...

פאר די אויגען פון נייסט איבערווארפט זיך א מאסע פון געשטאלטען, זכרונות, עס שטעהען אויף פערשיעדענע איינדריקען...

די קרעכצען... דאס זענען דורכדרינגענדע, ליידענדע, דאָס זענען שטילע בעטענדע, אָבער אייביגע קרעכצען! און אין ערגיץ קען מען זיך נישט פאר זיי בעהאלטען און אין ערגיץ נישט זוכען קיין פערנעסענהייט!

ערשט, ווען דער אָבענד קומט אָן, ווערט די מוזיק פון קרעכצען שטילער און עס פערוועכסעלט זיך אין א געמירמעל.

די בלאַסע און ציטערנדע ליכט פון לעמפעל ווארפט פערקרימטע שאטענס פון די קראנקע אויף די וואנד... און די שאטענס לעבען, רעדען און קלאָגען זיך אזוי שרעקליך!

וואס אווילע ציהט זיך ארויס פון אינטער די קאלדרע עפעס א געהלע, אויסגעדארטע, מיט אויסגעצויגענע פינגער ווי ביים טוידט, האנד... אין קראמפף האפט דריקט זי זיך צוזאמען אין א פויסט... און דראהט וועמען עס, דראהט! און די ליפען מורמלען א קללה, און די אויגען צערברעגען זיך פון האס.

און אווילע בלויס נעהט פארביי... און די איינגע פויסט וועט זיך בעטענדיג אויסציהען און כאפען דעם אונגעזעהענעם שאטען און די ליפען וועלען שעפטשען א זיסע, ליעבענדע בעשוועהרונג, אָדער שעפטשען א אונאויסספרעכליכען טייערען נאָמען פון א געליעבטע... מענליך אווייב...

די קללה פון שמערץ און די ליעבענדע בעשוועהרונג שטארבען דאָ אָהנע עכאָ...

אומזיסט קלאָגען זיך די שאטענס, אומזיסט געהן ארויס פון די גוסס׳ענדע ליפען געבעטען; עס איז נאָך נישט צייט!

איך וויים צו וועמען עס ציהען זיך אויס די הענד, וועמען עס קוקען אויס די בלישטשענדע אויגען און איך ווארט און איך בענג נאָך זיי...

זאָל נאָר בלויס דאָס לעמפעל דעם לעצטען שמערצליכען צאנק ענדיגען,

די שניידער צווישען זיך עפּיס וועגען אַ סעפּאַראַטיזם. אין דער וואַרהייט נעזאָגט ווייסען זיי נעביך ניט וואָס זיי ווילען אבי נו״ צו צעברעכען אַ פֿעריין, ווייל זיי האָבען קיין חשק צו צאָהלען ביישטייערע. וועהרענד דער גאַנצער רעדע פֿון נענאָסע זולאַווסקי האָט זיך געקענט דער אָבמאַן סעפּאַראַטיסט אינטערשטיין הונדערט מאָהל צו בערייסען און נישט לאָזען אויסציינען פֿאַר וואָס דער פֿעראיין איז אַזוי צו פֿאַלען. אַ רעזולטאַט פֿון דער פֿערזאַמלונג איז, אַז 11 נענאָסען נענען 8 סעפּאַראַטיסטען בעשליסען ווייטער אין די פּוילישע פּאַרטיי צו בלייבען און אַרויס צו נעהמען דער ביזהעריגען אויסשוס וואָס איז סעפּאַראַטיסטיש אַלעס אויס זייערע הענד.

אַם 21־טען ד. מ. האָט שטאַדטגעפֿינדען איינע גרויסע גענעראַל־פֿערזאַמלונג פֿון די קאַפּעליש־מאַכערס. צו דער פֿערזאַמלונג איז געקומען דער פֿערבאַנדס סעקרעטער נענאָסע סעקירניאַק אויס וויען. אויף דער פֿערזאַמלונג זענען פֿערהאַנדעלט געוואָרען פֿאַר אַלעם פֿאַך זאַכען און צום שלום דער טהייערע סעפּאַראַטיזמוס. דער נענאָסע סעקירניאַק ווענדעט זיך צו די 3 סעפּאַראַטיסטען און ערקלערט דעם בעשלוס פֿון פֿערבאַנד דאָס זיי דאַרפֿען זיך ניט אויסשליסען פֿון בעשלוס פֿון די איבריגען קאָלענען און אַז זיי מוזען דער פּאַרטיי שטייער צאַהלען אין דער פּאָלנישע פּאַרטיי. דאָס האָט זיי זעהר ניט נעשמעקט, זיי האָבען אָנגעהויבען צו שרייען אָבער עס האָט זעהר ווענינ געהאָלפֿען. צום שלום דער פֿערזאַמלונג אויף אַנטראַג פֿון נענ. נייס דאָס מאַן זאָל ציינען דעם סעקרעטער דאָס אַלע קאַפּעליש מאַכערס בלייבען ווי איין מאַן בלייבען אין די פּאָלנישע פּאַרטיי, וואורדע צור אַבשטימונג געגעבען. דער אַנטראַג וואורדע איינשטימיג בעשלאָסען מיט האָך רופֿע פֿון נענאָסע סעקירניאַק; עס לעבע די פּאָלנישע פּאַרטיי, עס לעבע דער אינטערנאַציאָנאַלען פּאַרטיי, וואורדע די פֿערזאַמלונג געשלאָסען.

אַם 24 ד. מ. האָבען די שניידער צום צווייטען מאָל איין בערופֿען אַ צווייטע גענעראַלפֿערזאַמלונג אום די ווייטערע אָרדנונג אין זייער פֿאַך פֿעריין צו מאַכען. איך וויל נור איינס בעמערקען. טראָצדעם זאַמערמאַן, אייגנער סעפּאַראַטיסטען זענען אַבגעוואָרפֿען געוואָרען פֿון זייער אָבמאַנשאַפֿט, האָבען זיי זיך געוואָנט צו קומען מיט אַ נאָך־שליסעל צו עפֿענען די שראַנק און צו טהון וואָס זיי האָבען נור געוואָלט... אָבער אונזערע שניידער נענאָסען האָבען נענען דעם פּראָטעסטירט און האָבען דאַדורך די פֿערזאַמלונג איינבערופֿען, אום מען זאָל וועהלען איין קאָמפּלעטען אויסשוס און אַמאָל דעם פֿעריין וויעדער אויף די פֿיס צו שטעלען. אָבער ליידער, זיי האָבען מיט זיך מיט געבראַכט עפּיס אַזעלכע שלענערס, אַז זיי האָבען אָנגעהויבען שייבען צו האַקען און זיך מיט אונז שלאָגען, צו נענאָסען ווייסבערג מיט איין מעסער. דאָס אַלעס האָט דער נענאָסע מעלען אויס לעמבערג דאָס געלעגענהייט געהאַט צו זעהן. נאָכ׳ן אַרויסטרייבען די אַלע שלענערישע סעפּאַראַטיסטען האָט נענ. מעלען אין אַ צוויי שטונדיגע רעדע דען איבריגען נענאָסען זייער רעכטען וועג נעצייגט און האָט ערקלערט, דאָס איהם איז דאָס נאָר קיין נייעס. אין לעמבערג איז זאָ יעדען טאָג. ער ענדיגט זיינע רעדע און רופֿט די נענאָסען דאָס זיי זאָלען אַזוי האַרט און שטאָלץ זיין און בעקעמפֿען די שלענער.

---

פּשעמישל דעם 2־טען יולי 1905.

אין דעם זעלבען מאָמענט, ווען די אַרבייטער לעזען די „יודישע אַרבייטער צייטונג“ איבער די געשעהנישען אין לאָדז; ווען אַלע אָרגאַניזירטע אַרבייטער זענען שבת אַ זייגער 5 נאָך מיטאָג צו זאַמען מיט דעם נענ. דר. ליבערמאַן אַרויסגעגאַנגען הינטער די שטאָדט אין וואַלד אַריין און דאָרט צווישען די גרינע בוימער אַ פֿאָרטראַג אויסגעהערט; ווען יעדער פֿון אונז צוריקגעהענדיג, איז פֿון דאָרט אַהיים געגאַנגען פֿול מיט מוטה, וועלכען דער נענ. דר. ליבערמאַן האָט אונז דורך זיין אַנטראַג אַריינגעגעבען — קומען אונז אַנטקעגען פֿון דער שטאָדט איינינע מענשען און דערצעהלען, אַז זיי לויפֿען עבען נאָך דעם נענ. דר. ליבערמאַן, ווייל איין מיליטער־פּאָליציאַנט מיט סאָלדאַטען האָבען אַ שניידער יונגעל ערמאָרדעט דערפֿאַר, ווייל ער האָט זיך ניט געלאָזט אַרעסטירען (דורך אַזאַ דומהייט, וואָס דאָס יונגעל האָט ניט געוואָלט לאָזען דעם הינטשלענער חאַפּען אַ הונד). ווען מיר זענען נעקומען אין רינג־פּלאַץ, האָבען מיר געטראָפֿען אַ מחנה מענשען, וועלכע זענען געווען אויפֿגערעגט פֿאַר דעם בעסטיאַלישען בענעהען זיך פֿון דעם פּאָליציאַנט נר. 19. אַ מאַסע פֿון אַ מאַן 2000 האָט זיך אַלאָז געטהון אין די פּראַנצישקאַנער גאַס, וועלכע פֿיהרט צום שפּיטאָל, וואו מען האָט דאָס יונגעל אַבגעפֿיהרט. געהענדיג דעמאָנסטראַטיוו מיט דעם געזאַנג „משער־זאַני שטאַנדאַר“ אויף די ליפּען, האָבען מיר געוואָלט אַריינדרינגען אין שפּיטאָל און זעהען, צו דאָס יונגעל לעבט נאָך. די מאַסע איז געוואָרען אַלץ גרעסער און אַזוי זענען מיר אומגעשטערט צו געקומען צו דער וואָלאַריצער גאַס, אויף וועלכער דאָס שפּיטאָל בעפֿינדעט זיך. דאָ איז אָנגעקומען אַ טרופּע פּאָליציאַנטען פֿון אַ מאַן 20 אין אַהן אַ מינדעסטע אורזאַכע איז זי אַריינגעפֿאַלען צווישען דער מאַסע אַזוי ווי ווילדע בעסטיען; אַרויסציהענדיג די זעבעל, האָבען זיי מאַסאַקרירט יעדען, ווער עס איז זיי אונטער דער האַנד געקומען. די מאַסע האָט זיך צוריקגעצויגען און איין טהייל פֿון איהר האָט זיך אויסגעדרעהט אין דער ברייטער גאַס און איז צו צום שפּיטאָל. דאָ האָבען מיר געקלאַפּט אין טויער. מען זאָל אונז אַריינלאָזען, כדי מיר זאָלען זיך איבערציינען, צו דאָס יונגעל לעבט. נאָר אין דעם זענען אָנגעלאָפֿען אַ מאַן 10 פּאָליציי, האָבען אַרויסגעצויגען די זעבעל און זענען ווירער אַריין צווישען דער מאַסע, וועלכע האָט ניט געוואָלט אָבטרעטען. נור איינינע פֿון אונזערע פּאַרטייגענאָסען, וועלכע עס איז געלונגען זי צוריק צוציהען, איז עס צו פֿערדאַנקען, אַז עס זענען קיין אָפּפֿער געפֿאַלען. דערווייל איז דער עולם אויף דער פּראַנצישקאַנער גאַס געוואַקסען; עס איז אָנגעקומען די גאַנצע פּאָליציי פֿון פּשעמישל און האָבען מיט די זעבעל מאַסאַקרירט און געטראָטעוועט יעדען אָהן אַ אונטערשייד: אַלטע לייט, פֿרויען און קינדער. דעם נענ. דר. ליבערמאַן, וועלכער האָט געוואָלט געהען אויף דעם קאָמיסאַריאַט, ער זאָל בעפֿרייען די אַרעסטירטע, זענען בעפֿאַלען 6 פּאָליציאַנטען מיט אַרויסגעצויגענע זעבעל און נור אַ דאַנק איין קאָמיסער, וועלכער האָט די ווילדע זשאַנדאַקעס איינגעהאַלטען, איז נענ. דר. ליבערמאַן ניט פֿערוואונדעט געוואָרען. מיר האָבען דאָ געזעהן צאַרישע סטופּאַיקעס, ווילדע קאַזאַקען, וועלכע שיידען זיך מיט נאָר ניט אָב פֿון די צאַרישע בעסטיעס. די צאָהל פֿון די אַרעסטירטע און פֿערוואונדעטע בין איך ניט אימשטאַנד אָנצוגעבען. די גאַסען זענען געווען בעדעקט ביז אַ זייגער איינס ביינאַכט מיט מענשען און אין יעדען האָט דאָס בלוט געקאָכט דורך די ווילדע סצענעס, וועלכע האָבען זיך דאָ אָבגעשפּיעלט. זייט דעם יאָהר 1898 האָט נאָך פּשעמישל אַזוינס געזעהען.

זונטאָג אַ זייגער ניין אין דער פֿריה איז פֿאַר דעם שפּיטאָל ווידער זיך צונויפֿגעקומען אַ גרויסע מאַסע מענשען, וועלכע האָבען זיך געוואָלט ערקונדיגען, צו דאָס יונגעל לעבט נאָך. די פּאָליציי האָט דאָס צושלאָגענע יונגעל אַרויסגענומען פֿון דעם שפּיטאָל אויף דעם קאָמיסאַריאַט, דאַמיט די מענשען זאָלען פֿון דעם שפּיטאָל אַוועקגעהן. די מאַסע האָט ניט געגלויבט און האָט דאָס טויער מיט די פֿענסטער אויסגעהאַקט. די פּאָליציי איז ווידער אויסגעריקט און האָט ווידער מיט די זעבעל מאַסאַקרירט און געשלאָגען; מען האָט ווידער מאַסען אַרעסטירט. אויף 3 נאָך מיטאָג האָבען מיר די אויפֿגערעגטע מאַסע אין די אַרבייטער זאָל גערופֿען, וועלכער נענ. דר. ליבערמאַן האָט אין קורצע ווערטער פֿערזיכערט, אַז אונזער פּאַרטיי וועט דאָס ניט לאָזען פֿאַלען, אַז אַלע אַרעסטירטע וועלען בעפֿרייט ווערען און האָט געבעטען, יעדער זאָל אַהיים געהען, ניט געבענדיג קיין אַנלאָס צו אונשולדיגע אָפּפֿער. ער האָט ווייטער זיי מודיע געווען אַז ער האָט טעלעגראַפֿירט צו נענ. דאַשינסקי קיין וויען, ער זאָל אונטערפּעלירען אין פּאַרלאַמענט. אויב דאָס יונגעל וועט לעבען ווייס מען ניט. שכת האָבען די דאָקטוירים שלעכטע צייגניסע איבער זיין געזונד געגעבען.

י. זיענמאַן.

---

# כראָניק.

## די ציוניסטישע פּלעדערויז.

אויף דעם לעצטען „קאָנגרעס“ פֿון די „פּועלי ציון“ איז דער רעדאַקטער פֿון אונזער צייטונג. נעג. גראָסס געקומען אַלס אַ בעריכטער פֿון דער „יודישע אַרבייטער צייטונג“. אויף דער פֿראַגע, צו מען לאָזט צו צייטונגס־בעריכטער אויף׳ן קאָנגרעס, האָט מען איהם געענטפֿערט, אַז יאָ. ווען ער האָט זיך אָבער לעגיטימירט, האָט מען איהם געזאָגט, אַז מען וועט צולאָזען ניט אַלע בעריכטער, ד. ה. אויסער סאָציאַליסטען. מיר האָבען זיך אויף דעם ניט אָבגעשטעלט, ווייל מיר קענען די ציוניסטען פֿון זייער ליעבע צו פֿינסטערקייט. דער געוויסען האָט זיי אָבער, ווי עס זעהט אויס, אַביסעל בעאונרוהיגט. מיר לעזען דעריבער אין 10־טען נומער „יודישער אַרבייטער“: „עס ווערט בעשלאָסען ניט צו־צולאָזען בשעת דער אסיפה קיין אַנהענגער פֿון אַנדערע פּאַרטייען אין דעם זאַאַל, אונזער געגנער לאָזען אונזערע חברים ביי זייערע פֿיירטאָג אויך נישט צו־. מיר האַלטען אַלזאָ פֿאַר גויטהיג צו קאָנסטאַטירען, אַז עס איז שקר וכזב, אַז אויף אונזערע פּאַרטייטאָג קומען זאָזאַר בעריכטער פֿון קלעריקאַלע און אַנטיסעמיטישע צייטונגען.

## די סעפּאַראַטיסטען ביי דער אַרבייט.

זעהענדיג, אַז די ליטעראַרישע אַרבייט נעהט זיי צו זעהר שווער. אַז זיי האָבען ניט דערצו ניט קיין סעראַלע און ניט קיין מאַטעריעלע מיטלען; זעהענדיג, אַז דער

גרויסער עולם אפשר 5000, אָדער 6000 מאַן. אויף דעם יריד האָפען סוחרים דאס גאנצע יאהר, דערהויפּט די קאָסע־הענדלער, ווייל אויף דעם יריד ווערט פיעל קאָסעס פערקויפט פאַר דעם נאָהענטען שניט־צייט.

דער יריד אַליין איז ניט גופא אין דעם דאָרף יורעוויטש, נור אין אַ וואַלד, וואָס אין מיטען געפינט זיך אַ גרויסער ליידיגער פלאַץ פון עטליכע וויאָרסט. דאָרט שטעהט אַ קלויסטער אין מיטען פעלד. און אָט אַ־ום דעם קלויסטער שטעלט זיך דער יריד.

צו היי־יאָהריגען יריד, ווי אַלע יאָהר, איז זיך צונויפגעקומען אַ היבשער עולם.

צווישען דעם עולם זענען געגאַנגען קלאַנגען, אַז עס וועט זיין עפּעס אַ מהומה, אַ'ן אָנפאַל אויף יודען. דאס האָבען אָנגעזאָגט פויערים זייערע בעקאַנטע יודען. די יודען האָבען זיך אפילו דערשראָקען, געוואָלט באַלד אַבפאָהרען. נור ווי די טבע פון אַ יודען, כל זמן ס'ליעגט ניט דער חלף אויפ'ן האלז, גלויבט מען זיך ניט, און מען האָט זיך ניט געאיילט אָבצופאָהרען. מען האָט בעמערקט, ווי ס'פאָהרט עפּיס איינער אַרום רייטענדיג אויף אַ פערד, אָנגעטהון אין אַ רויטער בלוזע, און סוד'עט זיך מיט אַ טייל פויערים. אויף דעם פּאַרקאַן פון דעם קלויסטער זענען געזעסען אַ מחנה בויאַנעס, אַלע מיט שטע־ענס אין די הענד, און געקוקט מיט גנבה'שע אויגען אויף דעם מאַרק, בעזונדערס אויף די יודען.

נאָך 12 דעם זייגער האָט זיך דער יריד אָנגעהויבען שוין אין פולען גאַנג. ס'איז געווען רוהיג, נור פּלוצלונג, אַרום האַלב 3 דעם זייגער, איז געוואָרען אַ מהומה, אַ קאָך, ס'האָט זיך געהערט, אַז מען האָט אָנגעהויבען ברעכען טעם, שיסען פון אַ רעוואָלווער, און באַלד האָט מען אָנגעהויבען שרייען: „אַ פּאָגראָם"! די דערשראָקענע יודען און קריסטען האָבען אָנגעהויבען לויפען. קרעמער האָבען געלאָזען די סחורה. די פויערים האָבען זיך געיאָגט אויף די וועגלעך ווי די רוחות, ווייל ס'איז אַרויס אַ קול: אַז די יאַפּאַנער זענען אָנגעקומען, זיי וואַרפען באָמבעס, ווילען צושטערען דעם קלויסטער און אויס'הרג'ענען אַלע פויערים.

מען קאָן זיך פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ מין רעש און געטומעל עס איז פאָרגעקומען. פיעל זענען געפאַלען אין חלשות אויף דער ערד און מען האָט זיי צוטרעטען מיט די פיס. דערווייל האָבען די בויאַנעס געהאַט צייט צו שלאָגען, הרג'נען וואו זיי האָבען דערטאַפּט אַ יודען. זיי האָבען אויך די סחורות צוראַבירט, צוטראָטען, פערברענט די פוהרען, אויסגעגאָסען אַלע משקאות און פון אַלץ געמאַכט אַ תל. די פערד, אָקסען, בהמות, וואָס די פערד־הענדלער און אָקסען־הענדלער האָבען איינגעקויפט, זענען זיך צולאָפען. די מהומה איז געווען שרעקליך.

איך—דערצעהלט ה' פיקאָן—האָב אָנגעהויבען צו לויפען, בין אַרויף אויף דעם טראַקט, בעגעגענט מיך אַ בויאַן (אַ בעוואוסטער מערדער, וואָס ס'איז שוין ניט איין מאָל געלעגען אין טורמע, קאַרשון, הייסט ער) און האָט מיך אָנגעהויבען צו שלאָגען מיט אַ לעדערנעם פּאַסיק איבער'ן קאָפּ, אין די פּלייצעס און וואו ער האָט נאָר געטראָפען. „וואָס האָסט דו צו מיר? — בעט איך זיך ביי דעם שלאָגער: פאַרוואָס שלאָגסט דו מיך? איך האָב אַרויסגענומען 50 רובל און וויל איהם געבען, אָבער ער וויל גאָרניט הערען און שלאָגט ווייטער, שרייענדיג דערביי: „יאַ זשידיווסקי קראָוו חאָטשע, אַ נע־האָשי, האָשי פּאָסיליי יאַפּאָנצאָס" (איך וויל יודיש בלוט און ניט געלד. געלד שיק די יאַפּאַנער!) ער וואָלט מיך געווען דער'הרג'עט צום טויט, נאָר צו מיין גליק זענען אָנגעקומען איינינע בעקאַנטע גוים, צווישען זיי אויך איינינע יודען, און זיי האָבען מיך אַרויסגעראַטעוועט פון זיינע הענד, ניט טויט ניט לעבעדיג. מען האָט מיך אוועקגעפיהרט צו אַ נאָהענטער קרעטשמע. דאָרט האָט מען מיך דערמינטערט און אָבגעוואַשען דאָס בלוט וואָס האָט גערונען פון מיר.

מען קאָן קיין ריכטיגע השנה פון דעם פּאָגראָם ניט געבען, מען קאָן ניט וויסען, וויפיעל זענען פערוואונדעט, ווייל דאָס זענען געווען אַלץ צונויפגעפאָהרענע פון פערשידענע ערטער. אָבער עס איז דאָ גענוג.

קיין יודישע הרוגים, ווי עס ווייזט זיך אַרויס, זענען ניטאָ. עס זענען דאָ אָבער 8 דער'הרג'עטע פויערים. 2 זענען דערטרונקען געוואָרען, אַריבער־שווימענדיג דורך אַ טייך, און 6 זענען צוטראָטען געוואָרען אין דעם טומעל.

עס וואָלט געווען מאַסען הרוגים, ווען ניט דער שאַצקער פּריסטאַווה, גאָוואָדוואָרסקי, וועלכער האָט זיך אָנגענומען פאַר יודען, און ניט געלאָזען שלאָגען זיי. אַ גליק איז אויך, וואָס די פויערים אַליין האָבען זיך דערשראָקען, דורך דעם וואָס מען האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז די יאַפּאַנער קומען אָן אויפ'ן יריד.

דאָס מאָל האָבען די יאַפּאַנער געהאַט אַ נצחון איבער די בויאַנעס. נאָר אָהן אַ געפעכט...

# פון פּראָווינץ.

טאַרנאָוו.

פאַר עטליכע טאָג האָבען די שניידער געזעהען, אַז עס איז נויטיג איינצובערופען איינע גענעראַלפערזאַמלונג אום אָרדנונג צו מאַכען אין זייער פאַך פעריין, דען זייט די שניידער האָבען זיך אַריין געלאָזט אין דער סעפּאַראַטיסטישע בעוועגונג האָבען זיי זייער פאַך פעריין צו גרונד געלייגט. איך מוז דאָס בעמערקען, אַז פאַר 3 מאָנאַטע האָבען זיי געצעהלט 145 מיטגליעדער וועהרענד היינט נור איינינע און צוואַנציג. אויף דער פערזאַמלונג האָט רעפערירט געגאָסע זולאַווסקי, ער ווייזט זיי אויס צו וואָס דער סעפּאַראַטיזמוס האָט זיי געבראַכט; זיי האָבען פערלוירען אַזוי פיעל מיטגליעדער,— עס האָט ביי זיי אויף געהערט דאָס גאַנצע אַרבייטער־געפיהל און סאָלידאַריטעט; און אַז וועהרענד אַנדערע אַרבייטער אין טאַרנאָוו קעמפּפען אום זייער עקאָנאָמישע לאַגע צו פערבעסערען, דאַמאָלס הערט מען זיך שלאָגען

און איך האָב אויף איהר געוואַרט אַזוי פיעל יאָהר און מיין האַרץ האָט נאָך איהר געבענקט און עס האָט זיך געריסען אין שטיקער...

אָבער זי איז געקומען צו מיר!

איהרע הענד ריהרען אָן מיינע אויגען, זי בעהאַלט איהר געזיכט אין מיינע ליידענשאַפטליכע ליפּען און גיסט אַריין אין ווי אַזוינפטינקייט פון שמערץ.

שטיל און טרויריג קוקט זי אויף מיר... איהרע ליפען ציטערן מיט אַ שטילען געמורמעל.

אָה מיינע, איבינג מיינע! אַזאַ נוטע, טרויעריגע און אונגליקליכע צונלייך!

אָט אַזוי, ווי דאָס הערבסט בלאַט וואָס איז אָפּגעריסען פון בוים, זעגענט זי מיך און שטיל ריקט זי זיך איבער די שוים פון אַנדערע.

צו וועמען זי דערנעהענטערט זיך נישט, דעם לעגט זי איהרע הענד אויף די אָפּגעשטאָרבענע ליפּען, מיט אַ בלאָהע פלאַם פון אויגען גיעסט זי אַריין אַ נייעס לעבען, די הערצער הייבען אָן צו קלאַפּען ליידענשאַפטליכער. די ברוסט אָטהעמט ווידענד.

זי איז אַ גוטע!

זי ווייכט קיינעם נישט — פון בעט צו בעט געהט זי, אויף יעדענס שטערן אַרויף לעגענדיג אַ קוש, דעם ערנסטען עלענדערן אפילו לעגט זי צו די ליפען, אויף די ברוסט ווערט רוהיגער...

אָה, טהייערע מיינע!

און עס ציהען זיך אוים די הענד און די פערשמאַכטע ליפּען צו איהר און זי געהט טרויריג אַוועק... שוין צייט!

— געה נישט אַוועק! געה נישט!

אַזוי ווי סקעלעטען פון קברים שטעהען אויף שאָטענס אוים די שטער־בעטען: זיי כאַפּען זיך אָהן אָן איהר פורפור מאַנטעל, זיי וואַלגערן זיך ביי איהרע פיס.

— געה נישט אַוועק!

מיט דעם בלוט פערשמוצטען מאַנטעל אומוועהט זי זיי די אויגען און פיהרט יעדען צו זיין בעט אין אויפסניי צערטעלט זי און אויפסניי אַנטלויפט זי...

מיט וואַהנזין יאָגען זי אַלע, מיט וואַהנזין ציהען זיי אוים די הענד און קרעכצען מיט געבעט און מיט פלוך, מיט וואַהנזין וואַרף איך זיך מיט זיי צו איהר, מיט וואַהנזין טהו איך מיך איינזויגען מיט די ליפען אין איהרע הענד און בעט:

געה נישט אַוועק!

אָבער אומזיסט דאָס בעטען... זי איז אַוועק געגאַנגען!

אָה איך געדענק זי... אויך דאַמאָלס האָט זי מיך אַוועק געוואָרפען אָהן מיט־לייד. אויך דאַמאָלס האָב איך אומזיסט געמופען: געה נישט אַוועק! אומזיסט...

אָבער יעצט וועט זי אויפסניי קומען, זי וועט אויפסניי אומקעהרען! וואָס אַנאַכט קומט זי...

בלוים ווען די אַנדערע האַלבע נאַכט קלאַפּט אוים, טראָגען עפּעס וואונדערבאַרע מענשען אַרוים אַסאַך פון אונז, ווייסנעקליידעטע מענשען — טוידטענגרעבער.

אַזוי פיעל האָט מען שוין אַרוים געטראָגען!

אָבער זי וועט קומען...

מ. פּראָקאָפּ.

גאנצער עפעקט פון דער סעצעסיע מיט דעם „קאנגרעס“ מיט די בדחנישע רעדעס האבען געמאכט א קליינע ווירקונג, זוכען אונזערע סעפאראטיסטען נייע מיטלען ווי פאפוליער צו ווערען: זיי סטארען זיך מיט אלע קרעפטען ארויס צורופען סטרייקען, ניט קוקענדיג צו די געווערקשאפטליכע קאמיסיע ערלויבט צו ניט, ניט קוקענדיג צו די ארבייטער האבען שאנסען צו זיעגען, צו ניט. אזויער־נאך ציהט הערר בראס אויס די האנד פון שלום צו די קריסטליכע גענאסען, ברעכענדיג די בעשלוסען פון די געווערקשאפטליכע קאנגרעסען, וועלכע אי די יודישע אי די קריסטליכע ארבייטער האבען בעשלאסען.

אזעלכע סטרייקען זענען אבער א שווערר מיט צוויי שארפען. די ארבייטער וועלען זיך אין גיכען איבערצייגען, ווער איז זייער פריינד: די געווערקשאפטליכע קאמיסיע מיט'ן געווערקשאפטליכען סעקרעטער, אדער די עטליכע אמביטנע יונגעלייט, וועלכע האבען נור איין ציעל: ווערען פאפוליער: נאטירליך זענען אין דעם אם ווייניגסטען שולדיג די ארבייטער. וועלכע סטרייקען ניט פון רחבות, נור דאס פערקלענערט ניט די שולד פון די עטליכע „פיהרער“, וואס ווילען די שלעכטע לאגע פון דעם יודישען ארבייטער אויסנוטצען צו זייערע קליינליכע סעפאראטיסטישע ציעלען.

## סעפאראטיסטישע טהעאריעס.

איין זאך מוז מען אונזערע סעפאראטיסטען מורה זיין: קיין טעאריעס פעהלט זיי ניט. צו די אלטע איז צוגעקימען נאך איינע. די עסטרייכישע פארטיי האט ניט אנערקענט די סעפאראטיסטען אלס א טהייל פון דער עסטרייכישער סאצ. דעמ. פארטיי. רוכט זיך, וואס פאר א עצה איז דא פעראן. קומט אבער דער חכם פון די סעפאראטיסטען און זאגט: „מיר האבען בעוויזען, אז כדי צו זיין סאציאל־דעמאקראט ברויך מען קיין שום פאטענטען נישט. און אויב מיר זענען סאציאל־דעמאקראטען קען קיינער ניט רעצידירען נאר מיר אליין. נור דא האט דער טעארעטיקער פערגעסען, אז אזוי ווי די סעפאראטיסטען האבען דאס רעכט זיך צו רופען סאצ. דעמאקראטען, אזוי האט די עסטרייכישע סאצ. דעמ. פארטיי דאס רעכט זיי ניט צו האלטען פאר סאצ. דעמאקראטען, און וועגען דעם האנדעלט עס זיך דאך.

נור אסך אריגינעלער איז געוועזען דער סעפאראטיסט שארפער אויף א פערזאמלונג פון טאפיצער און קופערמאכער. ווען דער געווערקשאפטס־סעקרעטער האט זיי מודיע געווען, אז די צענטראלע האט זיי ניט ערלויבט צו פערלעגען א בעזונדער גרופע, אז זיי מוזען דריבער אנגעהערען צו דעם געמיינזאמען פעראיין, האט זיך דער סעפאראטיסט שארפער אבגערופען: **אויב אזוי וועלען מיר גאר ניט אנגעהערען אין פעראיין און אים פאל פון א סטרייק וועלען מיר זיין סטרייק ברעכער.**

דערביי זענען געוועזען: גענ. יאראשעווסקי, זשולאווסקי, מיכלואהן און נאך פיעל אנדערע. אזויערנאך איז מעגליך, אז אין גיכען וועלען די פון קיינעם נוט אנערקענטע „סאצ. דעמאקראטען“ זיין סטרייק־ברעכער.

---

# די רעוואלוציאנערע בעוועגונג אין רוסלאנד און אין רוסיש־פוילען.

## קאזאצקע נאהייקעס געגען די רוסישע גייסטליכע.

ביז איצט האבען די קאזאצקע נאהייקעס נעשווישצעט נור אויף די פלייצעס פון די ארבייטער. איצט נאטירען מיר א פאקט, ווען די ווילדע קאזאקען זענען — אויף א בעפעהל — ארויסגעטראטען געגען זייערע אייגענע גייסטליכע.

— פון טיפליס שרייבט מען אין „גאוואפטי“ פאלגענדעס: אין דער קולטורעלער שטאדט טיפליס, אין וועלכער עס געפינען זיך מעהר ווי 200 טויזענד איינוואוינער, איז איצט פארגעקומען אזעלכעס, וואס האט ניט צו זיך קיין ביישפיעל אפילו אין דער היסטאריע פון די פינסטערסטע צייטען, וואס טרעפט ניט אפילו אין די מדינות פון די ווילדע.

דעם 13־טען יוני האבען זיך, לויט דער פעראָרדנונג פון דעם הויפט גייסטליכען אין גרוזיען, צונויפגעקליבען אין דעם טיפליסער פראוואסלאווגעם קאנסיסטאריום ביז 60 גייסטליכע, בכדי ארומצוקלערען איינינע פראגען. דער פארזיצענדער האט בעמערקט, אז אין דעם זאל פון דער זיצונג געפינען זיך אויך 40—50 זייטיגע מענשען. ער האט באלד ערקלערט די פערזאמעלטע גייסטליכע, אז היינט וועט ער זיך אליין פערנעהמען מיט דורכקוקען די רייסטערס פון די וויבארעס און האט געבעטען די פערזאמעלטע, זיי זאלען זיך איצט פאנאנדערגעהן און צונויפקלויבען זיך ווידער אויף מארגען אין דער־פריה.

די גייסטליכע האבען אנגעהויבען אוועקצוגעהן; אבער פלוצלונג איז געקומען די פאליציי מיט קאזאקען, וועלכע האבען געהאקט די גייסטליכע מיט זייערע נאגאיקעס און געיאגט איבער די גאסען. דערנאך האבען זיך די קאזאקען אריינגעריסען אין דאס קאנסיסטאריום, געזידעלט און געשלאגען די גייסטליכע און איבערגעקעהרט קאפויר דאס גאנצע קאנסיסטאריום, אפילו די שלאפצימערס פון די גייסטליכע. געפונען האבען זיי דארטען נור אפעדער־מעסעריל...

פון אלע 60 גייסטליכע איז קיין איינער ניט געבליבען גאנץ, אהן א גרעסערן אדער קלענערן צייכען פון די קאזאצקע נאגאיקעס. 2 גייסטליכע זענען גאר פערפאלען געווארען און אין שטאדט שמ'עסט מען, אז מען האט זיי דערהרג'עט און עס איז געמאכט געווארען א פעראָרדנונג, מען זאל זיי שטילערהייט מקבר זיין, בכדי עס זאל ניט בלייבען קיין שפור.ביידע גייסטליכע זענען געוועזען פון גארסקין אויעזד (פאוויאט).

אין רוסלאנד איז אלץ מעגליך.

## א סטרייק פון ישיבה־בחורים.

ביז איצט האבען געשטרייקט אין מינסק די ישיבה־בחורים פון קליינעם בית־המדרש. אין איהם איז ביז 60 יונגלעך. זיי האבען געפאָדערט די פונקטען: 1) מען זאל געבען יעדען ישיבה־בחור אין דעם טאג, וואס עס פעהלט איהם, צוויי פונט ברויט האלבווייסע; פריהער האט מען זיי געגעבען צו צוויי פונט ברויט שווארצע, האבען זיי געזאגט: בעסער אנדערטהאלבען גוטע ווי צוויי פונט פראסטע. האט מען זיי אנגעהויבען געבען צו אנדערט־האלבען פונט גוטע. איצט האבען זיי אויסגעפיהרט מיט'ן שטרייק, אז מען גיט זיי אי צוויי פונט, אי גוטע. 2) מען זאל אראבנעהמען די קאפיקעס ביי זיי אויף מרחץ געלד. אלע וואך שיקט דער קליינער בית־המדרש 20 ישיבה־בחורים אין מרחץ אומזיסט, 10 אין קהל'שען מרחץ און 10 ניט ריינעם'עס מרחץ א נדבה אלע וואך, נאר דער קליינער בית־המדרש האט גענומען ביי יעדען מרחץ ניק א קאפיקע צו שטייער אויף קעהרען דעם בית־המדרש. איצט מיט'ן שטרייק האבען זיי אראבגענומען די קאפיקעס און זיי וועלען שוין געהן אלע וואך אין מרחץ נאר אומזיעט. 3) מען זאל צו־געהמען צוריק די יונגלעך, וואס מען האט ארויסגעטריבען דעם זמן. 4) מען זאל אראבנעהמען פון זיי די שטארקע אויפזעהונג, ווי זיי רופען דאס אן די „אוסילענע אחראנע“. אלע פונקטען האבען זיי אויסגעפיהרט מיט'ן שטרייק, נור דאס לעצטע ניט.

איצט שטרייקען די ישיבה־בחורים פון קירזשנער שוהל. דארט זאגט מען צוויי שעורים, א קליינעם און א גרויסען, דער קליינער שעור איז פון ציוועלף דעם זייגער ביז איינס, א בלאט גמרא אליין אהן תוספות. און דער גרויסער שעור איז פון איינס ביז דריי, א בלאט גמרא מיט תוספות, פערשטעדט מען, אז אין גרויסען שעור איז גרעסערע און בעסערע יונגלעך און אין קליינעם שעור איז קלענערע און ערגערע. דינגען די קלענערע יונגלעך חברים פון גרעסערן שעור אויף אבלייענען מיט זיי דעם שעור פריהער און איבער'חזר'ן שפעטער נאך דער שעור.

דער מקח פון א חבר א זמן איז פון פינף ביז זעקס רובל. איצט האבען זיך מיט אמאל מישב געווען די חברים און געזאגט, אז פינף־זעקס רובל א זמן איז קנאפ. פאראן פון קליינעם שעור פיעל בעלי־הבתי'שע קינדער, וואס קענען צאהלען מעהר פון פינף רובל א זמן. ווילען זיי, אדער מען זאל זיי העכערן חבר־געלד, אדער נאר לערנען איין מאל מיט דעם תלמיד, אדער אבלייענען דעם שעור אדער איבער'חזר'ן.

דוכט זיך, אז זיי זענען גערעכט. וואס איז אין אמת'ן 5 רובל א זמן? און מה־דעש אז מען וועט זיי העכערן חדר־געלד צוויי צו דריי רובל א זמן, מעהר פערלאנגען זיי ניט. אף על פי כן, פינדעסטוועגען האט זיי דער ראש ישיבה גוט אויסגעפאטשט דערפאר. נאר וואס העלפט היינטיגע צייטען פעטש? זיבען מאהל נאר נישט. אדרבה, די פעטש האבען נאך צוהיצט און צוקאכט אלעמען און דער שטרייק האט ארומגענומען אלע ישובה־בחורים ווי א גרויסער פייער טרונקענדע הייזעליך מיט שטרויענע דעכער אין א שרפה.

עס ברענט דער שטרייק ביי אלע ישיבה בחורים און מען קאן נישט לעשען.

## אנ'אפיצירען פערזאמלונג.

די פעטערבורגער צייטונגען שרייבען: אין נאמען פון פיעל אפיצירען פון דער גווארדיע און ארטילעריע איז דערלאנגט געווארען א בקשה וועגען אנ'ערלויבניש אבצוהאלטען א פערזאמלונג פון אפיצירען, אויף וועלכער עס וועלען ארומגעקלעהרט ווערען איינינע פראגען בנוגע צו דער לאגע פון די אפיצירען אין דער געזעלשאפט. אין דער בקשה איז געזאגט, אז די אפיצירען פיהלען זיך ווי אבגעריסענע פון דער גאנצער געזעלשאפט. פיעל געזעלשאפטליכע ארגאניזאציע האבען בעשטימט ניט צו האבען מיט די אפיצירען קיין שום פערטראג און זיי ווערן אפט בעליידיגט אייך פון פריוואטע מענשען. „מיר פיהלען זיך, איז געזאגט ווייטער אין דער בקשה, אזוי ווי מיר וואלטען זיך געפונען אין אנ'איינגענומענער מדינה; אזא לאגע איז שוין נאר ניט מעגליך אריבערצוטראגען“.

---

## בריעף־קאסטען.

נענ. י. זיענמאן. וואו איז די ענדע פון דעם געווערקשאפטליכען בעריכט?